ארויסגעגעבן אינאיינעם מיטן
יידישן ליטעראטן און זשורנא־
ליסטן פאריין אין ישראל.

י. פאפיערניקאוו

# אן עלנד הויז

## און אנדערע דערציילונגען

פארלאג:
„קליינביבליאטעק"
תל־אביב, 1950

# אן עלנד הויז

יעדעס מאל, ווען מיר איז אויסגעקומען אהיים־צו־גיין דורך דער נייער גאס, ווו ס'האט זיך נאך שטארק געפילט דער ריח און די פייכטקייט פון פרישע פארב און טינק — האט צווישן די צוויי שורות פריש־געבויטע ווייסע הייזלעך, געצויגן מיין אויפמערקזאמקייט, א נישט גרויס הויז, וואס איז בהרחבהדיק געשטאנען, ווי א קליין פאלאצל מיט צוויי פיליארן פון א טעראסע, און מיט אן ארויס־געריקטן קיילעכדיקן פאסאד, ווי א בייכל פון אן אויפגעקומענעם נגיד...

וואס מיך האט אינטערעסירט אין דעם הויז, איז דאס, וואס ביי טאג און ביי נאכט — זענען אין אים שטענדיק געווען פארמאכט די גרינע לאדן מיט דער ברוינער שוער־געגלאזטער פראנטאווער טיר, פונוואנען כ'האב קיינמאל קיינעם נישט באמערקט אריין אדער ארויסגיין, און מען וואלט זיכער געקאנט

בלייבן ביי דער מיינונג, אז אין דעם הויז וווינט נישט קיינער — ווען נישט א קליין ברוין הינטל, אויף די שטיינערנע, אוואלענע טרעפ, וואס האבן געפירט צום אריינגאנג. דאס הינטל איז שטענדיק געלעגן אויס־געצויגן אויפן בייכל, מיט דער קליינער מארדע אויף די פאדערשטע פיסלעך; געהיטן דעם אריינגאנג און זיך בעת־מעשה געווארעמט, געזשמורעט מיט די צוויי טונקעלע, גלאנציקע בייזע אייגעלעך, און דרעמ־לענדיק אזוי — יעדעסמאל, ווען ס׳האט דערהערט, אדער ס׳האט זיך עס בלויז געדוכט, אז עמעץ דער־נענטערט זיך צום הויז — אויפגעשטעלט די פאר־לייגטע אויערן..

איינמאל, ווען כ׳בין אזוי ווי יעדן טאג פאר־בייגעגאנגען פארן הויז, און ווי יעדעס מאל — נישט געקאנט זיך באפרייען פון דער נייגעריקייט א בליק־צו־טאן אויף די פארמאכטע טיר און לאדן, און האב זיך אויף א רגע אפגעשטעלט הארט ביים פראנט, כדי געננוי צו באטראכטן די פאר מיר גע־געהיימפולע געביידע — האט זיך פלוצלינג און אומגעריכט, דאס ברוינע הינטל א ריס־געטאן פונעם ארט, און מיר אנטקעגן־געשפרונגען מיט א ירגזנדיק שארף געבילעריי, און כ׳האב דערזען אז דער כלב,

איז א סך עלטער ווי ער האט אינדעראמתן אויסגע־
זען, און אז ס׳איז גלייכער באצייטנס פון אים זיך
אפצוטראגן... ווי א גנב וועמען מען האט נאר־וואס
געשטערט אין דער ארבעט — האב איך גענומען
שנעל זיך אפטראגן נישט אומקוקנדיק זיך הינטער
מיר, כדי זיך נישט צו באגעגענען מיט דער הינטי־
שער מארדע. דאס הינטל האט מיך באגלייט מיט
געבילעריי, א שפאר שטיק וועג׳ס; צוגעשפרונגען און
אפגעשפרונגען פון מיר, אזוי לאנג, ביז כ׳בין אריין
אין דער צווייטער גאס.

נאך דעם דאזיקן הינטישן איבערפאל, האט זיך
דאס זעלבע אנגעהויבן איבערחזרן יעדעס מאל, וואס
מיר איז אויסגעקומען פארבייצוגיין פאר דער דאזי־
קער געביידע. פון איינמאל צום אנדערן, איז דער
אנפאל אויף מיר געווארן פיינטלעכער און פארבי־
סענער. ווי עס האט נאר דערהערט דעם אפהילך פון
מיינע טריט איבער דעם פראוויזארישן טראטואר פון
ברעטער — פלעגט עס מיט כעס זיך א ריס־טאן
אנטקעגן מיר און מיט א העפטיק בילעריי
געוואלט מיט די שארפע ציינדלעך זיך צוקריגן
צו מיינע פיס, כדי אפצוהאלטן מיך פון דערנענטערן
זיך צום פארשפארטן הויז. אין אנהייב, האב איך

זיך צום געביל ווי נישט צוגעהרט. מילא — האב איך זיך געטראכט — זאל ער בילן, דערויף איז ער דאך א הונט.

— פארוואס בילט ער נאר אויף אייך ? —
האב איך איינמאל, בעת אזא הינטישער אטאקע, געהערט פרעגן מיך פון א פענצטער אנטקעגן דעם פארמאכטן הויז. די פראגע פונעם אומבאקאנטן האט מיך באוויגן צו אינטערעסירן זיך דערמיט, און איי־בערצוצייגן זיך, צי דאס הינטל בילט טאקע נאר אויף מיר אליין. כ׳האב זיך ספעציעל אוועקגעשטעלט פונ־דערווייטנס אויף דער צווייטער זייט גאס, און גע־נומען אבסערווירן די האלטונג פונעם הינטל, לגבי די אנדערע דורכגייער, און — מערקווירדיק ! דאס הינטל האט נישט נאר אויף קיינעם קיין ביל נישט געטאן, נאר אפילו נישט אויפגעהויבן די מארדקע פון די אונטערגעלייגטע פאדערשטע פיסלעך, און ווי קיינמאל גארנישט — געלעגן רואיק און געדרע־מלט. זאל עס זיין דערפאר — האב איך געטראכט — וואס קיינער פון די דורכגייער שטעלט זיך נישט אפ א נייגיריקער, ווי איך, און וויל נישט ווי איך, ארויס׳גנב׳נען מיט די אויגן דעם אינווייניקסטן סוד פון געשלאסענעם הויז ? אדער, בילט ער נאר

אויף מיר, ווייל איך מאך עס אומזיכער מיט דער אייגענער הינטישער פעל...

אזוי צי אזוי — דאס הויז און דאס הינטל פארן הויז, האבן מיך וואס אמאל מער אינטרי־גירט און אנגעהויבן פארנעמען ביי מיר וואס מער צייט און ארט פון נאכטראכטן און פון וועלן דער־גיין דאס מיסטעריעזע רעטעניש. פון מאל צו מאל איז אין מיר געוואקסן א געפיל פון פארדראס און פיינטשאפט צום דאזיקן קליינעם ברוינעם באשע־פענישל, וואס האט מיך געהאלטן אין איין טערא־ריזירן און נישט געלאזט רואיק אדורכגיין די גאס. צוזאמען מיטן פארדראס און פיינטשאפט, האט מיך אנגעהויבן באהערשן אויך א געפיל פון אומהיימלעכ־קייט און אומרואיקייט, וואס איז אין מיר כסדר געוואקסען, אליין נישט וויסנדיק פארוואס, ביז כ׳בין טראכטנדיק דערפון, ארויף אויפן געדאנק וועגן פארברעכן.

„געהערט נישט אמאל דאס הינטל צו דער ראסע שפיר־הינט, וואס פילן ארויס פארברעכע־רישע אינסטינקטן ביי א מענטש, און צי האט ער טאקע נישט דערשנאפט אין מיר א לאנג פארבארגע־נעם פארברעכער ?...״

ווייטער פונעם דאזיקן געדאנק, האב איך נישט געקאנט אוועק. כ׳האב בלויז געפילט, אז מיין דורכ־גיין די גאס, ווערט וואס אמאל מער באדראטער און אומזיכערער ווי כ׳וואלט אויף אן אמת באגאנגען, אדער, זיך ארומגעטראגן מיטן געדאנק פון באגיין א פאברעך, און מורא־געהאט פאר דעם נאענטן פאראט מצד דעם הינטל...

דער דאזיקער מצב האט אנגעהאלטן אזוי לאנג, ביז ס׳איז ענדלעך געשעען דאס, וואס כ׳האב אומ־קלאר פארגעפילט, און קעגן מיין שולד — געהאט אויפן געוויסן:

איינמאל, אין א זייער פינצטערער יולי־נאכט, ווען כ׳בין שפעט געגאנגען צו מיר אהיים, און ווי שטענדיק פארקערעוועט אין דער נייער גאס, צווישן די צוויי שורות אפגעלאשענע, שלאפנדיקע היי־זער — האב איך א מונטערער, אן אויפגעפרישטער פון א לאנגן שפאציר ביים ים — נישט באמערקט ווי כ׳האב זיך מיט לייכטע אוןי שנעלע טריט, דער־נענטערט צום פאטאלן הויז, וואס כ׳וואלט זיכער פארבייגעגאנגען אן אפהאלט, ווען נישט דאס הינטל. ווי אן אפגעריסן ווייך קלימקל פינצטערניש, איז עס

פון ערגעץ ראפטום צוגעפאלן מיט אן אויפגעוועקט
שניידנדיק געביל צו מיינע פיס, און איידער וואס
און ווען — האב איך דערפילט א ווייטאגלעכן ביס,
און א היץ, וואס האט מיר פון פחד א שלאג־געטאן
אין פנים. כ׳האב זיך א רגע פארלוירן און אין דער
פינצטער האט ביי מיר ווי א בליץ־געטאן אן אייג־
ציקער געדאנק: באשיצן זיך. דאס אלץ איז געשען
אזוי שנעל, אז כ׳האב אליין נישט געפילט, ווי כ׳האב
זיך אינסטינקטיוו אנגעבויגן, און אויפהייבנדיג פון
דער ערד א שווערן שטיין, וואס איז מיר בלינד
געקומען אונטער דער האנט — האב איך מיטן גאנצן
כוח, אויף בלינד, געטאן אים א שליידער פון זיך און—
דאס שפרינגענדיקע שטיק פינצטערניש מיט די צוויי
רויטע, פייערדיקע פינטעלעך, האט ווי אפגעגאסן
מיט א טאפ זידיק וואסער, ארויסגעלאזט א גרילצנדיקן
קוויטש, זיך פארגאנגען אין א הילכיק סקאוווטשען,
און שטיל־געבליבן...

אויף צו מארגנס, ווען כ׳בין ווי אלע טאג פרי
ארויס פון שטוב און אריין אין דער שטילער נאך־
נישט אויסגעשלאפענער נייער גאס, האב איך פון
ווייטנס אין דער בלאקייט פון פרימארגן, געזען ווי
אין מיטן זאמדיקן וועג, אויף וועלכן ס׳איז נאך

געלעגן די פייכטקייט פון ביינאכטיקן טוי — זענען פאר דעם שטענדיק־פארמאכטן הויז, געשטאנען איבער עפעס אנגעבויגן, צוויי מענטשן: א מאן מיט א פרוי. ער — א פולער, א דיקלעכער, מיט א נאקעטן פליך, אין די בלויזע הויזן מיט נאכגעהאנגענע הויזן־האלטער, און אין שטעק־שיך; זי — אין די זעלבע יארן וואס ער, נאר מאגערער און דארער, אין א בלאלעכן שלאפראק, און מיט א צאפ גראלעכע האר, וואס זענען געלעגן אין גרויס אומארדענונג.

באלד ווי כ׳האב דערזען די צוויי מענטשן, האט מיר אין הארץ ווי א קלאפ־געטאן אן אויפגע־גאנגענע אנונג וועגן א געשעעניש מיט א הינטל, און וועגן א באגאנגען פארברעכן... כ׳האב זיך גע־וואלט נעמען אויף צוריק, אבער — נישט געקאנט! ווי פון א געהיימען כוח, האט עס מיך דוקא געצויגן אהין צו דעם ארט, וואס כ׳האב דורכאויס געוואלט אויסמיידן, און איידער וואס און ווען — האב איך זיך ווי א שולדיקער, וואס וויל צוליב געוויסנס־ביסן אליין זיך איבערגעבן אין די הענט פון דער גערעכ־טיקייט — אנגעהויבן זיך דערנענטערן צו די צוויי פארזארגטע מענטשן.

— קום שוין, קום אריין, וועסט עס שוין נישט

לעבעדיק מאכן — האב איך צוקומענדיק, געהערט דער פרויס געבראכענער שטים.

מיין בליק איז נייגעריק געפאלן אויף דעם ארט, ווו ביידע האבן מיט צער אין די אויגן, אראפגעקוקט.

אויף דר׳ערד פאר זייערע פיס, איז געלעגן מיט א פארווארפענער, פארשטשעמעטער מארדע, און מיט שטארע פיסלעך און פארשפיצטע אומבאוועג־לעכע אויערן, ווי א געשאסענער האז — דאס ברוינע הינטל.

בעתן באטראכטן דאס טויטע הינטל, האב איך דאס ערשטע מאל דאן דערזעען אן אפן פענצטער, און אן אפענע — די פראנטאווע טיר פון דעם שטענ־דיק פארמאכטן הויז.

ווי כ׳האב זיך שפעטער צופעליק דערוווּסט, זענען די צוויי מענטשן פון דעם הויז, געווען: אן עלנט, קינדערלאז פארפאלק.

# צו־גאַסט ביי אַ פריינט אַ קאָלעגע

געווען איז עס שוין אודאי דאס הונדערטסטע מאל, ווי מיין פריינט און קאָלעגע, דער דיכטער און נאָוועליסט, ראָמאַניסט, דראַמאַטורג, עסייאיסט, ליטעראַטור און קונסט־קריטיקער — האט מיך איינגע־לאַדן צו זיך אַהיים.

— כ׳האב אפילו באַשלאָסן, — האט ער אנגעהויבן מיט פאָרוואורף — דיך מער נישט איינצו־לאַדן, ווייל וואס קומט אַרויס פון מיין איינלאַדן דיך, אַז כ׳האב שוין אין משך פון דער צייט, גע־טוישט אַ האַלב טוץ וואוינונגען און מען זעט דיך נישט אַריין צו מיר; פונדעסטוועגן, וואלט איך דיר געוווּנטשן צו זען מיין נייע וואוינונג; כ׳זאג דיר: אַן אמתער פאַראַדיז, אַ גן־עדן ממש, וואלסט זיך מחיה־געווען זאג איך דיר, ווען דו כאַפּסט זיך אַביסל אַראָפּ צו מיר; וואלסט פשוט אויסגערוט אַביסל דיינע צעשטרייטע נערוון, שטעל דיר פאָר אַ

וווינונג אויף א בארג, פון איין זייט — בלאער ים, פון דער צווייטער זייט — גאלד, א ים פון גאלד בייטאג, און א ים פון זילבער, אין א לבנה־נאכט; איך זאג דיר: בלינד־צו־ווערן פון ליכט, משוגע־צו ווערן פון שיינקייט, און צו שעפן מיט פולע עמער...

נאך אזא שילדערן דעם פאראדיז זיינעם, האט מען באמת געדארפט זיין א מערדער אויף זיך אליין, נישט אויסצונוצן אזא געלעגנהייט אויף אויס־רוען אביסל די נערוון, היינטער דער שטאט אויף א בארג, צווישן בלאען ים פון איין זייט, און א ים פון גאלד פון דער צווייטער זייט, בלינד־צו־ווערן פון ליכט, משוגע־צו־ווערן פון שיינקייט און צו שעפן מיט פולע עמער — האב איך דעם פריינט מיינעם און קאלעגע, פארזיכערט מיט כל השבועות, אז אויף שבת בלי נדר, קום איך צו אים ארויס, ווען עס זאל אפילו דונערן און בליצן.

אין דעם טאג, ווען כ׳האב זיך געקליבן מיט מיין באשווירענעם וויזיט, האט נישט געדונערט און נישט געבליצט, נאר געוועזן איז א חמסין, צו ווערן פון אים אפגעבאקן ווי א געבראטנס, אדער סתם צו פאלן אונטער אים מיט אן ארויסגעבלעקטע צונג. א שבועה איז אבער א שבועה — האב איך זיך

אריינגעזעצט אין אויטאבוס און געלאזט זיך פירן צו דרום־זייט, א קארגע שעה פון תל־אביב.

אז כ׳בין אויסגעשטיגן פון אוטאבוס, ווי מיין פריינט האט מיר אנגעזאגט: אויף דער סאמער לעצ־טער סטאציע — האט מיר קיינער נישט געוווסט צו זאגן, ווו עס ליגט ערגעץ דאס הויז אויפן בארג, ווו עס וווינט דער שרייבער שרייבמאן, וואס האט א פרוי מיט צוויי קינדער. איינע א פרוי האט מיר אפילו יא אנגעוויזן, אז דא נישט ווייט, א ביסל ארונטער, נעבן ליידיקן פלאץ ביי דער פאבריק פון צעמענטענע רערן, שטייט א גרין הייזל מיט בלאע לאדן — וווינט עפעס א שרייבער...

ארויסגעוויזן האט זיך, אז דאס איז א שריי־בער, וואס שרייבט בקשות און גיט עצות, האט ער שוין פאר איין־וועגס אויך מיר געגעבן אן עצה, כ׳זאל אריינגיין דא אנטקעגן אין שפייז־קראם וועט מען מיר אויף זיכער זאגען ווו שרייבמאן וווינט, מחמת אין א שפייז־קראם קען מען אלעמען און מען האט אלעמען אויפן אויג...

דער שפייז־קרעמער, האט זיך אבער ביי קיין אופן נישט געקאנט דערמאנען דעם נאמען שרייבמאן א שרייבער, און זיך געוועגדעט צו זיין

ווייב זי זאל אים ארויסהעלפן. שרייבמאן, א שרייבער? — פרעגט זי מיך, און הויבט אן אויס־רעכענען אלע איינוווינער פון דער גאנצער געגנט, מיט זייערע נעמען, פראפעסיעס און גריים פון זייערע משפחות. איז ער נישט אמאל, פרעגט זי מיך ווידער, — א הויכער, א ברונעטער, וואס האט צוויי קינדער, א ייִנגעלע מיט א מיידעלע, דאס מיידעלע איז זיינס און דאס ייִנגעלע... יא, יא, שלאג איך איר איבער — א הויכער, א ברונעטער, האט א פרוי מיט צוויי קינדער, א ייִנגעלע מיט א מיידעלע, דאס מיידעלע איז זיינס און דאס ייִנגעלע... ווייסט ווער דאס איז? — זאגט זי צום מאן, — דאס איז דאך דער פון אויבן אויפן בארג, דער וואס קעמט זיך קיינמאל נישט צו, דער וואס רעדט צו זיך אליין, דער צעדרייטער...

די שפייז־קרעמערן האט מיר אפגעשילדערט ווו דער בארג ליגט, געוויזן מיט דער האנט איך זאל גיין גלייך, נאר גלייך ביזן צווייטן עק כביש, דערנאך אביסל רעכטס און שפעטער לינקס, און ווייטער גלייך, נאר גלייך, מיט די זאמדן אראפ, ביז איך וועל שוין אליין זען...

כ׳האב זיך געהאלטן לויט די אנווייזונגען פון

דער שפּייז־קרעמערן, און בין טאַקי צוגעקומען צו א באַרג, נאָר אַ זאַמדיקן באַרג, אַזאַ, וואָס מען קאָן נאָר זען אין מדבר, און אַרום באַרג, — זאַמדן און זאַמדן און קיין לעבעדיקן פויגל נישט.

ווען כ׳בין שוין מיט מזל אַרויף אויבן אויפן אַזוי־געררופענעם באַרג, און דערזען דעם איינציקן סימן־ישוב: אַן אַלטן הילצערנעם באַראַק מיט אַ בלעכענעם דאַך — בין איך געווען צעכראַסטעט און צעשפּילעט ביזן לעצטן קנעפּל, און אַ נאַסער, אַ באַגאַסענער מיט שווייס, ווי מען וואָלט מיך אַרויס־געצויגען אַן אויסגעווייקטן פון אַ טייך; כ׳האָב אָבער געדאַנקט גאָט, וואָס ענדלעך האָב איך געטראָפן, און וועל שוין דערפאַר ווי געהעריק אויסרוען זיך ביי מיין פריינט און קאָלעגע.

די ערשטע, וואָס האָט זיך מיט מיר ביים עפענען די טיר, וואָרעם, שוין צו וואָרעם אַרומגע־כאַפּט, איז געווען — די לופט פון אונטער דעם אָנגעגליטן בלעכענעם דאַך, דערנאָך — די פליגן, וואָס זענען מיך מחנה׳ווייז באַפאַלן, און צום סוף האָט מיט מיר געהאַט אַן אמתע גדולה, מיין פריינט און קאָלעגע, דער שרייבער. ער האָט געהאַלטן, אַז כ׳בין צו אים געקומען אין אַזאַ צייט, וואָס קיין

בעסערע דארף מען זיך נישט ווינטשן: ווען זיין פרוי מיט די צוויי קינדער, זענען אויף א שטיקל צייט ארויסגעפארן צו אירע קרובים, און ס׳וועט נישט זיין ווער עס זאל אונדז שטערן די רו, ווייל א פרוי, זאגט ער צו מיר, האט תמיד א טבע אריינצופאלן אין א ליטעראריש געשפרעך, מיט אירע פראזאאישע ענינים, און קינדער, ווי געהארכזאם און שטיל זיי זאלן נישט זיין — זענען זיי פארט נישט מער ווי קינדער. נאך די דאזיקע באמערקונגען, האט מיך מיין פריינט געהייסן מאכן זיך באקוועמער, פילן זיך ווי ביי זיך אינדערהיים, און איז אריין אין קעכל, זען עס זאל זיין א גלאז טיי.

די ערשטע פראגע, וואס מיין פריינט האט מיר געשטעלט, איז געווען, צי איך שרייב לעצטנס. אויף מיין ענטפער, אז ניין, איך שרייב נישט לעצטנס — איז מיין פריינט זיגעריש ארויף אויפן טאן און זיך צעוואָרעמט: ווי אזוי ווילסטו שרייבן, אז א מענטש וויל זיך נישט ארויסרירן פון תל־אביב, וואס איז סם פאר א שרייבער, סם זאג איך דיר! אט זיץ איך דא און שרייב גאנצע טעג און האלבע נעכט, ווייל וואס צו שרייבן פעלט נישט, כאטש שעפ מיט פולע עמער, ווייל וואס איז דער חידוש,

אז מען האט פאר זיך אזא רחבותדיקע וועלט, פון איין זייט — בלאער ים און פון דער צווייטער — גאלד. בערג מיט גאלד צום בלינד־ווערן... אט ליגט טאקי אויפן טיש מיינס א נאר־וואס געענדיקט ליד, אייגענטלעך א לידל פון דריי פערזן, אויב ס'וועט דיר נישט זיין צו שווער צו הערן איצט, קען איך עס דיר דורכלייענען.

— ס'איז דאך נישט מער ווי א לידל פון דריי סטראפן — האב איך געזאגט, און געהייסן אים לייענען.

נאכן דורכלייענען דאס לידל, האט ער מיר פארגעלייגט, ביז די טיי וועט פארטיק ווערן — דורכ־צולייענען מיר דערווייל א סקיץ, אינדעראמתן — א סקיצל, בסך הכל, דריי זייטלעך.

— מילא, האב איך מיר געטראכט, ס'איז דאך נישט מער ווי א סקיצל, בסך־הכל דריי זייט־לעך, זאל ער לייענען.

נאכן דורכלייענען דעם סקיצל, האט זיך מיין פריינט א צעווארעמטער, ווי אן עפעס דערמאנט, זיך ראפטום אראפגעזעצט אויפן דיל, ארויסגערוקט פון אונטערן בעט א קעסטל, פון קעסטל ארויסגענומען א פאק באשריבענע פאפירן, און פון

פאק פאפירן ארויסגעצויגן א מאנוסקריפט. אן עסיי, אייגנטלעך אן עסייעלע, וואס איך דארף אומבאַדינגט הערן, ווייל עס רעדט זיך אין אים וועגן דיכטער און דיכטונג, און וועט מיך דערפאר זייער אינטערעסירן.

נאך אזא פארזיכערן מיר צו פאראינטערעסירן מיך, און דאס מיט א קליינע עסיי, אייגנטלעך עסייעלע — האב איך זיך נישט געלאזט לאנג איבעררעדן און מסכים־געווען צו הערן.

נאכן דורכלייענען אויך די עסיי, און נאך הערן פון מיר עטלעכע באמערקונגען וועגן איר — איז ער ארויסגעלאפן א קוק־טאן, וואס עס הערט זיך מיט דער טיי, און געטראפן אן אויסגעקאכטן ליידיקן טשייניק אויף צעפלאצט־צו־ווערן פון טרוקנקייט. ער האט אנגעגאסן א פרישן טשייניק, זיך אנטשולדיקט פאר מיר, פאר דער קאטאסטראפע מיט דער טיי און מיך געבעטן ביז וואס און ווען אויסצוהערן א קאפיטל, אייגנטלעך: א קאפיטעלע פון זיין נייעם ראמאן, ווייל ער וויל אומבאדינגט הערן מיין מיינונג.

אז א פריינט, א קאלעגע, שעצט אזוי הויך מיין מיינונג, וואלט דאך געווען פון מיר זייער נישט

פריינטלעך און קאלעגיאל, נישט צו וועלן הערן — בין איך געזעסן און געהערט, עס זאגט זיך נאר: גע־הערט, ווייל ווי קאן מען הערן, אז ס'איז נישטא מיט וואס צו אטעמען; אז מען זיצט און מען שוויצט, און אלץ קלעבט אויף מיר און איך קלעב צום אנלען פון דער רויט־געפארבטער שטול...

א גליק איז מיר אבער געשען, וואס דאס דעקל פון טשייניק, האט אנגעהויבן קלאפן, און מיין פריינט האט איבערגעריסן דאס לייענען, כדי אנצוגיסן טיי, און זיך ארומגעזען, אז ס'איז נישטא מיט וואס צו טרינקען, און איז געלם־געווארן פון צריך־ארויס אויף א קארגער האלבער שעה...

אז ער איז צוריקגעקומען מיטן צוקער, האט ער זיך פאר מיר ווידער אנטשולדיקט, וואס ער האט געמוזט איבערייסן אויף אזוי לאנג, און מיר צוגעזאגט, אז באלד נאכן איבערכאפן עפעס, וועט ער מיר לייענען ווייטער...

מיין קאלעגע האט געהאלטן דעם צוזאג, גע־לייענט ווייטער, און מיר איז מיטאמאל געווארן ענג ווי אין א גארסעט, און כ'האב זיך פון אומגעדולד, גענומען דרייען זיצנדיק. מיין פריינט האט ווייזט אויס באמערקט מיין אומגעדולד און מיך גענומען טרייסטן,

אז נאך דרייצן זייטלעך, אייגנטלעך זייטעלעך, און —
דאס קאפיטל איז געענדיקט...

ענדלעך, האט ער געענדיקט לייענען דאס קאַ־
פיטל, און געווארט אויף מיין מיינונג.

— וואס, — זאג איך, — קאן מען וויסן פון איין
קאפיטל, מען מוז הערן אינגאנצן — האב איך זיך
ארויסגעכאפט.

— מיטן גרעסטן פארגעניגן — האט זיך מיין
קאלעגע אנגעכאפט, — ביז צו נאכט איז נאך זייער
ווייט ,און כ׳קאן נאך באווייזן דורכצולייענען דעם
ראמאן אינגאנצן...

— ניין — האב איך זיך גענומען צוריקציען —
איך קאן בטבע לאנג נישט הערן איין זאך.

— אויב אזוי, — זאגט ער מיר, — וועל איך
דיר לייענען מיינס א נישט לאנג פארענדיקטע דראמע
אין פיר אקטן.

— אפשר, — זאג איך, — וואלטן מיר פריער
ארויסגעגאנגען כאפן אביסל פרישע לופט, זיך דורכגיין
אביסל ?

— וווּ איז דען דא צו גיין ? — האט מיין
פריינט דערווידערט — האסט אודאי פארגעסן אז דו

געפינסט זיך נישט אין תל־אביב, נאר אויף די געלע זאמדן ווי אין א מדבר...

— נו, און צום ים ? — פרעג איך.

צום ים, — זאגט ער, — פאלג מיך א גאנג ! א קארגע שעה גיין מיט די זאמדן, די פיס צו פארלירן !...

בלית ברירה, בין איך געבליבן זיצן און נישט הערנדיק — הערן די דראמע, און אויסקוקן, אז די זון זאל זיך שוין אמאל אויסלעשן און ס׳זאל ווערן נאכט אויף קאנען שוין לייגן זיך שלאפן און אויס־רוען אביסל נאכן גיהינומדיקן טאג.

ווען מיין פריינט און קאלעגע האט געענדיקט לייענען פאר מיר די דראמע פון פיר אקטן מיט א פראלאג און עפילאג — איז שוין געווען גאנץ טונקל.

— נו, — זאגט ער, — ס׳וועט זיין גענוג אויף היינט, מארגן איז אויך א טאג, און וואס צו לייענען האב איך דיר ברוך השם, ווייל כ׳בין שוין לאנג נישט געווען אזוי פרוכטבאר, ווי דא אין מיין נייער וווינונג.

— מארגן, — זאג איך, — מארגן מוז איך גאנץ פרי זיין אין תל־אביב, וועגן זייער א וויכטיקן ענין, און כ׳וועל מוזן ארויספארן מיטן ערשטן אויטא...

מיין פריינט האט זייער און זייער באַדויערט פאַרוואָס איך פאַר שוין מאָרגן אַוועק און וועל נישט האָבן ביי אים זיך אויסגערוט אַביסל; באַדויערט, וואָס ער איז זייער קורצזיכטיק און קאָן מיר ביים ליכט פון נאַפט־לעמפּל נישט לייענען עפּעס, און געהאַלטן מיך אין איין צורעדן איך זאָל נאָך מאָרגן בלייבן. איך האָב זיך אָבער געהאַלטן ביי מיין ליגן, אַז איך מוז מאָרגן גאַנץ פרי זיין אין תל־אביב, ווייל ס׳איז ממש אַ לעבנספראַגע...

נאָכן אָוונטברויט, האָבן מיר אויסגעלאָשן ס׳לעמפּל, זיך געלייגט אין די בעטן איינער אַנטקעגן אַנדערן און נישט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט; ער: ווייל ער האָט מיר אויסדערציילט דעם אינהאַלט פון זיין נישט דורכגעלייענטן ראָמאַן, און אַן אינהאַלט פון אַ ראָמאַן, וואָס ער האָט בדעה אָנצושרייבן, און נאָך אַ סך ליטעראַרישע טעמעס און פּלענער; איך ווידער, בין נישט געשלאָפן, ווייל ער האָט מיך נישט געלאָזט שלאָפן, געהאַלטן מיך אין איין וועקן און פרעגן, צי איך הער, און איך, — אין איין ענטפערן: כ׳הער, כאָטש געהערט האָב איך, ווי ס׳הערט אַ פאַר׳חלש׳טער...

אַז מיין פריינט האָט מיך אינדערפרי אַרויס־

באגלייט צו דער אויטאבוסן־סטאציע, האט ער מיר אויפן וועג דעקלאמירט אויף אויסווייניק זיינס א פאעמע, אן וועלכער ער האט אינגאנצן פארגעסן מיר צו דערציילן. א גליק נאך, וואס כ׳האב אויפן אויטא נישט געדארפט ווארטן, און מיין פריינט האט שוין נישט באוויזן מער, ווי — זיך געזעגענען מיט מיר און אנצוזאגן מיר דאס, וואס כ׳האב שוין אליין געהאט ביי זיך באשלאסן: נישט צו זיין קיין גאסט...

# כ ע ס

וו אלע טאג — איז דזשאבער אויפגעשטאנען מיטן מארגן־שטערן, צוגעדעקט דעם קאפ מיטן ווייס־געשטריקטן קאפעלע; אנגעטאן דעם בלאען קויטיקן כאלאט; אריין מיט די ברוינע פיס אין די געלע שטעק־שיך; באהאלטן א פיטע אין פארגארטלטן בו־זעם, גענומען דאס גרין־געפארבטע שטייגעלע מיטן געלן קאנאריקל, און ארויס אין דרויסן.

אין שמאלן, לאנגן געסעלע, איז טראַץ דער פריער צייט, געשטאנען שוין דער רעש פון פולן טאג. די זון האט א פלייץ־געטאן מיט איר שרייענדיק ליכט, איבער אלע קליינע און נידעריקע הייזלעך, פונ־וואנען ס׳האבן זיך געעפנט טיר און לאדן און צוגע־פאלן מיט געקלאפעריי צו די געפארבטע ווענט, ווי צענומענע ארעמס, וואס זענען גרייט־געווען אויפצו־נעמען אלץ, וואס דער טאג וועט געבן און איבערלאזן נאכן רעש פון גראשנדיקן האנדל.

אין די אפענע טירן און וויטרינעס האבן זיך באוויזן אין רויטע פעסקעס און קעפיעס [1] אויף די קעפ — לאנגע, ברוינע, ראזירטע און בערדיקע פני־מער, פון נישט אויסגעשלאפענע קרעמער און בעלי־מלאכות, וואס האבן ארויסגעהאנגען און אויסגע־שטעלט אין די שמאלע נישט געוואשענע פענצטער, פארשידענע אויסארבעטונגען, אויף ציען די אויגן פון די פארבייגייער, וואס האבן זיך מענגע־ווייז א לאז־געטאן זוכן מציאות, קויפן און פארקויפן דאס, וואס קאן נאר געבן א טאריפע [2] פארדינסט. אויף די שמא־לע, שלעכט־ברוקירטע דורכגענג, האבן אנגעהויבן אויסוואקסן איינס ביי דאס אנדערע — טישלעך מיט פריש געבעקס און גרינס, און טישלעך מיט קאלירטע זיסקייטן, וואס האבן אין דער געשטעלטער היץ גע־נומען זיך צעגיסן, שמעלצן און טריפן ווי חלב אונ־טער דער זון. אויף פלייצעס, האבן אפגעברענטע יונגען געטראגן אנגעהאנגען הילצערנע און גלעזער־נע פעסלעך קאווע, שווארצן און אגרעס־גרינעם „באראד״ [3]. אלע האבן גערופן און זינגענדיק אויסגע־

1) קעפיע — א טיכל.
2) טאאריפע — קליינע אראבישע מטבעה.
3) באראד — אזא אראביש געטראנק.

רופן דאס, וואס זיי האבן געהאט, און קונציק צוגע־
קלאפט און צוגעלומפערט, מיט צוויי מעשענע טעצ־
לעך, וואס זיי האבן געהאלטן צווישן די פינגער, און
פולגעמאכט די לופט, וואס איז פון מינוט צו מינוט
געווארן שווערער און געדיכטער.

אין אויפגעהויבענעם שטויביקן רעש פון צו־
נויפגעגאסענע קלאנגען און מעלאדישע אויסגעשריי־
ען פון האנדל און אנבאט — האט דעם שטילסטן
האנדל געפירט דזשאבער.

קונציק, ווי ס׳האט זעלטען ווער געקאנט —
האט ער געכאפט קאנאריקלעך, וואס ער האט פון
העכסטן בוים אראפגענארט מיט זיין פייפן ווי א
קאנאריקל, און מיט זיין גוט אויג און זעלטענעם
ציל — אונטערצושלאגן עס מיט א שטיינדל. אליין
האט ער געמאכט די שטייגעלעך; אליין, זיי אויס־
געפארבט; אליין, זיי ארומגעטראגן צו פארקויפן;
געלעבט דערפון, און נאך געזאמלט געלט אויף קויפן
זיך א ווייב, וואס איז, ווי ער אליין האט געטראכט —
געווען שוין פאר אים די העכסטע צייט.

שוין דריי טעג, ווי דזשאבער גייט פרי אוועק
פונדערהיים און קומט שפעט אויף דער נאכט צוריק
מיטן זעלבן קאנאריקל. עפעס גייט עס אים לעצטנס

נישט! נישט אנדערש ווי א שונא, א נישט פארגינער האט אים אן עין־הרע געגעבן אויף זיין לייכטן האנ־דל, און דאס מזל האט זיך פון אים אפגעקערט. היינט, — האט דזשאבער געטראכט — היינט מוז איך עם פאר יעדן פרייז פארקויפן; כ׳טאר היינט נישט אהיימ־קומען מיטן קאנאריקל! פארזיכטיק, ווי ער וואלט געגאנגען מיט אן אנגעצונדענער לאמטערנע אין דער האנט, האט דזשאבער דורך די ענגע געסלעך דורכ־געטראגן דאס שטייגעלע מיטן שפרינגענדיקן קאנא־ריקל, ווען עמענס צוויטשערן און טרילערן ס׳איז דער־טרונקן־געווארן אינעם ווילדן רעש. וויפל געסלעך ער איז אזוי דורכגעגאנגען, האט ער אליין נישט גע־ווּסט. לויט דער מידיקייט און הונגער, לויט דער זון, וואס איז שוין דאכט זיך געלעגן אויף די אנגעגליטע דעכלעך, און לויטן ליכט און שאטן, וואס האבן ווי געהאלטן אין איין טוישן זיך מיט די ערטער און אי־בערגעלייגט זיך פון איין זייט געסל אויף דער צוויי־טער — האט דזשאבער געוווּסט, אז ס׳איז שוין נאך האלבן טאג, און — אויפגעגעבן שוין יעדע האפענונג צו קאנען פארקויפן דאס קאנאריקל, און באשלאסן גיין אהיים, און אויף שטענדיק אוועקוואַרפן דעם פארשאלטענעם האנדל מיט קאנאריקעס.

— עסמא, טאל האן ![1] — האט אים עמעץ פלוצלינג א רוף־געטאן. דזשאבער האט זיך שנעל אויסגעדרייט, און אין זיינע אויגן האט אויפגעלויכטן א פרישער שטראל פון האפענונג.

אין אן אפענער טיר פון א טונקעלער שטוב אין געסל אריין, איז געשטאנען א שווארץ־בערדיקער אין א רויטער פעסקע, ארומגעבונדן מיט א זאק אנ־שטאט א פארטעך, און געהאלטן אין איין האריקער האנט א העמערל און אין דער צווייטער, א שוך.

— קאדעש ?[1]

דזשאבער איז צוגעגאנגען, און כדי צו שטאר־קן דעם חשק צום קאנאריקל — אויפגעהויבן דאס שטייגעלע, א וויג־געטאן עס פארביי דעם שוסטערס באוואקסן פנים, א זאג־געטאן וויפל ער וויל און — ס'האט זיך אנגעהויבן א דינגעניש, וואס האט צוגע־צויגן א געזעמל נייגעריקע ליידיק־גייער, וואס האבן זיך צוגעקוקט, ווי דזשאבער האנדלט און פאר־האנדלט דאס זינגענדיקע פייגעלע: לאזט ביסלעכווייז

1) עסמא טאל האן ! — הער נאר קום אהער !
1) קאדעש ? — וויפל.

אראפּ פון פּרייז, הייבט ביסלעכווייז אויף דעם טאָן, היצט זיך און שווערט ביי „אללא״, אַז ער קאָן נישט. דער בערדיקער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס — ניין און ניין, ער וועט קיין פּרוטה נישט געבן מער ווי דאָס צוגעזאָגטע, וואָס ביי דזשאַבערן האָט עס געהייסן אַזוי גוט, ווי ער וואָלט עס געדאַרפט אָוועקגעבן אומזיסט, און ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט באַליידיקט און געקרענקט. ביז אין די אויגן אַריין, איז אים אַ רויטקייט פאַרלאָפן איבערן ברוינעם פּנים, און אַרומנעמענדיק דעם שוסטער מיט אַ בליק, ווי מיט אַ פייערדיקן שמיץ פון אַ בייטש — האָט ער זיך אַ כאַפּ־געטאָן צום שטייגעלע, אויפגעעפנט ס׳טירעלע, אַרויסגענומען דאָס קאַנאַריקל, און אויפהייבענדיק די האַנט — זי מיטן גאַנצן כּוח אַראָפּגעלאָזט מיט כּעס, און ווי אַרויסגעטשישעט פון צווישן די ציין: נישט דיר און נישט מיר! דזשאַבער האָט עס געמאַכט אַזוי גיך און אומדערוואַרט, אַז איידער די אַרומיקע האָבן זיך געכאַפּט, וואָס ער האָט אַזוינס געטאָן — האָט אויף דער ערד עפּעס אַ פלאַטער־געטאָן, אַ פּאַטשגעטאָן מיט אַ געל פליגעלע, עטלעכע מאָל אַ צאַפּלגעטאָן און — אין ווייסן שטויב פון שטיין, איז טויט געבליבן ליגן דאָס קליינע באַשעפענישל...

— כאראם![1] האט דאס געזעמל, אלע ווי איי־
נער געטאן זיך א צעוויג, ווי א סנאפ פון ווינט צעבונ־
דענע זאנגען.

— כאראם! — האבן זיי איבערגעחזרט און גע־
קוקט מיט באדויערן אויפן אומשולדיקן קאנאריקל,
און ווי מיט א קללה אין די אויגן — נאכגעקוקט
דזשאבערן, וואס האט זיך ווי אדורכגעריסן דורך זיי,
גיך צעטויפגעמישט און צונויפגעגאסן זיך מיט דער
גרויסער באוועגונג פון מענטשן, קעמלען און אייזלען,
און פארשוואונדן געווארן, ווי אוועקגעטראגן פון א הייסן
פארביקן שטראם, איבער די שמאלע געסלעך.

1) כאראם — א זינד.

# א מוזיקאַלישער מענטש

באַקענט האָב איך זיך מיט אים אין אַ געזעל־שאַפט פון מעלאָמאַנען, ליבּ־האָבּער פון מוזיק, וואָס האָבן געמיטלעך, היימישלעך מוזיצירט, געשפּילט אויף מאַנדאָלין און גיטאַרע, געפייפט און געזונגען מיט און אָן שטימען — אַריעס פון אָפּערעס, און שטיקער פון סימפאָניעס, וואָס האָבן זיך געפּלאָנטערט זיי אין זכרון. דער איינציקער דיסאָנאַנס אין דער מוזיקאַלישער געמיטלעכקייט, איז געווען ער — מיין נייער באַקאַנטער, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם איינציקן מוזיק־מבין פון דער געזעלשאַפט, און — געשטערט מיט זיין כסדר'דיק כאַפּן זיך פאַר די אויערן, און מיט זיין האַלטן אין איין שרייען: פאַלש! פאַלש! — נישט לאַזנדיק קיינעם ענדיקן ביזן סוף. חברה מעלאָמאַנען האָבן וואָס אַן אמת פּראָטעסטירט קעגן אים, נישט געלאָזט זיך טעראָריזירן, אים גע־עצהט ער זאָל זיך פאַרשטאָפּן די אויערן מיט וואַטע.

אדער, אוועקגיין, אבער — אומזיסט! סוף־כל־סוף האט ער אויפגעהערט צו היצן זיך און צו אמפערן מיט זיי, זיך אויסגעדרייט צו מיר, און ווי צו אן אומבאקאנטן און נייטראלן — אנגעהויבן רעדן צו מיר, און זיך גערעכט־צו־מאכן מיט זיינע טענות קעגן אלעמענס מוזיקאלישער הינטערשטעליקייט. געזען אז כ׳וועל אזוי לייכט פון אים נישט פטור־ווערן, האב איך באשלאסן ביי זיך צו לאזן אים רעדן, און אליין צו שווייגן, כדי אים נישט צו געבן קיין געלעגנהייט לאנג צו טענהן מיט מיר; כהאב בלויז געמאכט א מינע, ווי כ׳וואלט אים דערמיט געוואלט זאגן, אז וואס שייך מוזיק, בין איך פשוט אן עם־הארץ, א פראפאן, און — מיין נייער באקאנטער האט זיך צו מיר אויף אן אמת א נעם־געטאן:

— וואס, איר פֿארשטייט זיך נישט אויף קיין מוזיק?! א שאד, א גרויסער שאד און טאקי צום באַדויערן, וואס אייך איז פרעמד דער דאזיקער געביט. איר זענט ביי מיר געגליכן צו א בעל־מום, געגליכן צו א טויבן, צו א מענטש אן אויערן, און אפילו אן א הארץ און נשמה. איין קלייניקייט! — אן א חוש־השמיעה אין א וועלט פון קלאנגען און הארמאניע; ווי אזוי לעבט איר? ווי אזוי שאפט איר? מוזיק

וואלט דאך אייך אלס דיכטער געווען אנטפלעקט ממש נייע וועלטן, געעפנט נייע האריזאנטן און אויס־געברייטערט אייערע שאפונגס־מעגלעכקייטן, וואס ליגן אין די צווילינגס־שוועסטער: מוזיק און דיכטונג...

נאך א סך אזעלכע פאעטישע אויפקלערונ־גען איבער דער ווירקונג פון מוזיק אויפן גייסט און קערפער — האט מיך מיין נייער באקאנטער געט־רייסט, אז כ׳בין נאך נישט אינגאנצן א פארלוירענער; אז מען קען א פערד אויסלערנען טאנצן, און מיך: הערן מוזיק. איך אליין — האט ער מיר צוגעזאגט — וועל אייך סיסטעמאטיש ארייננפירן אין דער וועלט פון קלאנגען און הארמאניע...

---

— איך נעם אייך די טעג מיט אויף דער „ניינטע״ — איז ער מיר ביי דער צווייטער באגעגע־ניש גרויסמוטיק מודיע געווען אז ער נעמט זיך שוין צו מיינע אויערן, און אז ער הייבט מיט מיר אן פון דער „ניינטע״, פאר וועלכער כ׳וועל אים באזונדער דאנקבאר־זיין דאס גאנצע לעבן.

— איין קלייניקייט — די „ניינטע״, — איז ער פארגאנגען זיך מיט התפעלות, און מיר דערביי

אוועקגעלייגט א לעקציע וועגן דער געטלעכער „ביינטע", וואס האט נישט אירס גלייכן, און וועגן געט־לעכן בעטהאווען, וואס האט נישט זיינס גלייכן...

אין אוונט פון קאנצערט, איז מיין נייער באַ־קאנטער אוועק מיט מיר צום קאנצערט־זאל, מיט א קנאפע שעה פריער, כדי צו קריגן נאך דעם ביליקס־טן בילעט אויפן טייערסטן פלאץ: אויבן אויף דער גאליארקע ביי דער וואנט, ווו עס זיצן — האט ער מיר דערקלערט — די אמת'ע מעלאמאנען, מחמת, מוזיק איז גוט צו הערן נישט אונטן ווו עס זיצן די סנאבן, נאר אויבן, העכער און ווייטער, ווו עס קומט צו די גאנצע אקוסטיק...

ווען מיר האבןביידע פארנומען אונדזערע פלעצער, איז נאך אין זאל געווען האלב פינצטער און גאנץ ליידיק. מיין באגלייטער איז ווי אלע מאל געווען שטארק בארעדעוודיק, געהאלטן מיר אין איין געבן צו פארשטיין די עלעמענטארסטע, פארשטענד־לעכסטע זאכן, זיך געקליבן מיר צו געבן גאר א סך אויפקלערונגען און באמערקונגען איבער מוזיק און מוזיק־הערער. נאר אין זאל איז ווי מיט איינמאל ליכ־טיק־געווארן; דורך אלע איינגענג האבן אנגעהויבן שטראמען יום־טובדיקע מענטשן, און מיין באגלייטער

האט מיט איינמאל פארלוירן דעם פאדעם פון זיין באליבטסטער טעמע: מוזיק; גענומען באטראכטן די אנקומענדיקע; געזוכט צווישן זיי באקאנטע; גע־לאפן זיך באגריסן, דא מיט דעם, דא, מיט יענעם; נישט איינגעזעסן און נישט איינגעשטאנען אויף איין ארט, און געווען צעטראגן ווי א מחותן אויף אן איי־גענער שמחה...

אויף דער בינע האבן שוין די מוזיקאנטן אין שווארצע פרעק מיט ווייסע וועסטן — געסטרויעט די „כלים", גערימפלט, געפייפט, געטרילערט און גע־צוויטשערט, ווי פייגל אין א זאאלאגישן גארטן; ס'האט זיך באוויזן דער דיריגענט; דאס פובליקום האט זיך איינגעזעצט; אויסגעהוסט; געווארן טויט שטיל; מיין באקאנטער האט אין דער שטילקייט, ווי פון אומגעדולד, צו זיך אליין א זאג־געטאן: ששא! און — דער קאנצערט האט זיך אנגעהויבן.

ביים ערשטן טייל פון קאנצערט, האב איך מיין בייזיצנדיקן כמעט נישט געפילט און נישט געזען, און געווען זיכער, אז ער איז פארטאן אין זיין וועלט פון מוזיק, און האט מיך קנאפ־וואס אין זינען.

ערשט ביים צווייטן טייל, האב איך אנגעהויבן פילן, אז ער זיצט גארנישט אזוי רואיק, ווי מיר האט

זיך געדאכט, אז עפּעס דרייט ער זיך אומגעדולדיק אויף זיין פּלאץ, וואַרפט אין דער טונקלקייט פונעם זאל זייטיקע בליקן צו מיר, און כאַפּט זיך אַלע ווײַלע מיט אַ האַנט צום מויל, וואָס האָט זיך אים, ווי איך האָב שוין באַמערקט — געהאַלטן אין איין עפענען און צעריסן־ווערן פון גענעצן...

אַז ס'איז ווידער ליכטיק־געוואָרן, און דער עולם האָט זיך צו דער הפסקה אַ הייבגעטאָן פון די ערטער, און זיך געלאָזט צום פויע — האָט זיך מיין נייער באַקאַנטער אויך אַ ריס־געטאָן פון אָרט, און געלאָזט זיך ווי זיין שטייגער איז געווען — לויפן איבער די טרעפּ, שווימען איבערן זאַל און איבערן פויע, צו פּאַקן ווערמען אויף צו קענען זיך טיילן מיט זיינע איינדרוקן און מיינונגען וועגן דער אויספירונג און בכלל — וועגן בעטהאָווענען און זיין „ניינטע".

פאַרן אַנהייבן דעם דריטן טייל פון קאָנצערט, האָט מיך מיין מוזיקאַלישער אַפּוטראָפּוס באַוויזן בלויז אַ פרעג־צו־טאָן: נו, ווי איז אייך עפּעס געפעלן? האָט איר עפּעס פאַרשטאַנען?

— צו ביסלעך — האָב איך געענטפערט.

— אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד! — האָט ער מיך ווידער באַדויערט און שטיל־געבליבן.

אין זאל איז ווידער געוואָרן פינצטער. פון דער ליכטיקער בינע האט ווידער א שלאָג געטאָן ווי פון א פאַנטאָן, מיט אפּפרישנדיקע קלאַנגען, צו וועלכע דאָס פובליקום האט זיך צוגעהערט מיט א שטיל קייט ווי פון איין מענטש.

ווי ביים ערשטן טייל פון קאָנצערט — אַזוי איז מיט מיין באַקאַנטן געווען אויך ביים אנהויב פונעם דריטן טייל. ער איז ווידער נישט געזעסן רואיק; זיך ווידער געדרייט אויפן הינטערשטן; זיך געלאַנגווײַלט; געקוקט צי איך זע און — געגענעצט אויף וואָס די וועלט שטייט...

ווען עס האט שוין געהאַלטן נאָענט פון פערטן טייל, איז מיט מיין „מוזיקאַלישן" געשעען דאָס, וואָס האט איבערגעשטיגן אַלע מיינע דערוואַרטונגען: זיין קאָפּ איז פּלוצלינג צוגעפאַלן צו מיין אַקסל און גענומען זינקען איבער מיר וואָס אַמאָל טיפער און טיפער, אַזוי, אַז כ'האָב געמוזט בלייבן זיצן שטייף און אָנגעשטרענגט, כדי נישט צו לאָזן אים אײַנגאַנצן אַראָפּפאַלן. געבן אים א שטורך און אים אויפוועקן, האָב איך אויך נישט געקאָנט, מחמת, כ'האָב נישט געוואָלט אים אַרײַנברענגען אין פאַרלעגנהייט האָב איך באַשלאָסן נישט צו רירן זיך און געדולדיק

ווארטן, ער זאל אליין אויפקומען. אנשטאט אויפ־
צוקומען, האט זיך אבער פון זיין זייט דערהערט א
גארגישט־בעטהאוועניש ער טאן, וואס האט געהאט
אלע סימנים פון א געשמאקן, טיף באסאוון שנארך,
וואס האט זיך פון אונטן־ארויף — פארענדיקט מיט
א פייף...

דער דאזיקער פרעמדער טאן, וואס האט זיך
אומגעריכט ארייגעשניטן אין דער „ניינטע", האט
ארויסגערופן פראטעסט, קודם־כל ביי מיינס א
ביזיצנדיקן, וואס האט מיט געבייזער א זאג־געטאן:
ער האט שוין נישט געהאט ווו זיך אויסצושלאפן?
א צווייטער האט באמערקט, אז „ער שלאפט אין די
קליידער"; א דריטער האט געמאכט אויפמערקזאם,
אז „ער פאלט ארויס פון בעט", א מיידל האט זיך
צום דערשטיקט־צו־ווערן צעכיכיקעט, און אן עלטע־
רע פרוי האט קאטעגאריש געפאדערט פון מיר איך
זאל אים אויפוועקן, ווייל ער שטערט דעם קאנצערט.

צו מיין גליק, און נאך מער צום גליק פון מיין
„ביישלפער" האט זיך אויך געענדיקט די „אדע
צו דער פרייד" און א האגל פון אפלאדיסמענטן
האבן אים אויפגעוועקט. כדי צו פארווישן פאר מיר
די שפורן פון זיין שלאף, האט ער ווי א פארשפע־

טיקטער, וואס וויל נאך דעריאגן זיך א כאפ־געטאן פאר די דלאניעס, און מיטן גאנצן כוח געגומען אפלאדירן, געקלאפט מיט זיי, ווי מיט א ברעטל אן א ברעטל און געשריגן ווי נישט מיט זיין קול: בראוואו! בים! — אזוי לאנג, ביז ער און איך, וואס האב געוואַרט אויף אים — זענען געבליבן די לעצטע צום ארויסגיין פון זאל.

— נו, וואס זאגט איר איצטער? האט איר שוין אין אייער לעבן געהערט אזוינס? איז עס נישט געט־לעך? האב איך אייך נישט געזאגט? — האט ער מיך, אינדרויסן, — ווי אין איין אטעם פארשאטן מיט געמאכטן טריאומף און הייטערקייט.

— אזוינס, האב איך נאך ווירקלעך נישט גע־הערט! — האב איך אים צוליב טאקטישקייט, צוגע־געבן; געדאנקט אים פארן גרויסן געגוס, וואס ער האט מיר פארשאפט, און אים דערמאנט, אז ער איז געדעכט־געווען, ווען ער האט מיר פארזיכערט, אז כ'וועל נאר איינמאל גיין מיט אים — וועל איך שוין צום צווייטן קאנצערט גיין אליין...

# א שווארצע קאַץ

אנטקעגן דעם, וואס, אבערגלויביקע גלויבן אז דאס אומגעריכטע באווייזן זיך פון א שווארצער קאַץ, איז אַן אנזאג אויף עפעס נישט גוט׳ס.

געוווינט האב איך אויף א פערטן שטאק אין א קעכל, ביי אַן ארעם מיטליאריק קינדערלאז פאר־פאלק, וואס האט פארנומען א בוידעם־שטיבל, אַן אזוי גערופענע „פאצעיאטע״ ווו איין זייט סופיט צום הויף צו, איז געווען אראפגעלאזט ווי א פלי־גל הארט אויפן קאפ, און אין מיטן — דורכגעטיילט פון אַן ארויסגערוקט נישט גרויס געקעסטלט פענצטער ווי א תפילין של ראש אויפן דאך ארויס.

אין איינער א שטאק־פינצטערער נאכט, בעת כ׳בין שפעט אהיימגעקומען און גראד נישט געהאט ביי זיך קיין איינציק שוועבעלע, האב איך אויפ־מאכנדיק די טיר פון קעכל, זיך אנגעטראפן מיט צוויי גרינלעך־קעצישע פאספאר־אויגן, וואס האבן

אין דער פינצטער אראפגעלויכטן פון מיין בעט. כ׳בין אן שהיות צוגעגאנגען צום בעט, און דערטאפנדיק אן עק פונעם צודעק — א צי־געטאן אים צו זיך, כדי אראפצויאגן פון אים דעם אומגעבעטענעם גאסט די שווארצע קאץ. אנשטאט אראפצושפרינגען פון בעט און אנטלויפן — זענען די גרינלעכע אויגן אירע געווארן נאך העלער און גרעסער, און געקוקט אויף מיר מיט שטוינונג און דראאונג. כ׳האב נאכאמאל א צי־געטאן פארן צודעק, א שטארקן צי, נאר די קאץ איז ווי שווערער־געווארן, נישט גערירט זיך פון ארט, זיך איינגעגעסן מיט די נעגל אינעם צודעק, און מיטן ליכט פון אירע פאספאר־אויגן אין מיר — ווי גרייט מיט מיר אויפצונעמען א קאמף... נאך אזא ארוספאדערונג, האב איך אן אויפגערעגטער א צי־געטאן דעם צודעק מיטביידע הענט, נאר — אומזיסט! די קאץ איז ווי אן איינגעגראבענער שטיין געלעגן און געגלאצט אויף מיר מיט די צוויי אויגן־לעמפלעך, און ווי א שלאנג בעתן שפייען מיט גיפט — געטאן אויף מיר א כעסיקן סיקע מיטן מויל, ווי זי וואלט זיך געגרייט א שפרונג־צו־טאן מיר גלייך אין די אויגן אריין.... פון דער קאצס שפיי אויף מיר, איז מיך מיטאמאל באפאלן די נישט געאנטע

שרעק, און כ׳האב א באשלאגענער מיט היץ און קעלט — געטאן זיך שנעל א צי־צוריק, כמעט ווי אפגעשפרונגען פונעם בעט, און היגטערוויילעכטס — צוגעפאלן צו דער טיר.

א רגע האבן מיר אין דער פינצטער איינס דאס אנדערע זיך אנגעקוקט צעשראקן און אומזיכער, און ווי שונאים — געהיטן איינער דעם צווייטנס יעדע באוועגונג... אין דער דאזיקער רגע, וואס האט מיר אויסגעזען צו זיין זייער לאנג, האט סיי די קאץ און סיי איך, געטראכט פון איינס און דאס זעלבע: פון באשיצן זיך, און כ׳האב ווי אינסטינקטיוו שנעל אויסגעצויגן די האנט צום נאענטן קיך־ווינקל, און דערטאפנדיק דעם לאנגן שטעקן פונעם בעזעם — באנייט מיט אים דעם קאמף מיט דער קאץ, און פון דער טיר צום בעט — געגומען פאכען מיט אים, יאגן זי און טרייבן, שטארקען זי און שטויסן, שלאגן זי מיט דער ווייכער זייט, און זי, די קאץ — האט זיך געווערט, געסיקעט צו מיר, געביסן און געריסן מיט די נעגל דעם בעזעם אין מיין האנט; געווען פאר עקשנ׳ט איינגעשפארט און געצוווגגען מיך אראפ־לאזן דעם גראבן שטעקן איבער איר פארהארטעוועטן רוקן, און אזוי לאנג מיט אים האקן איבער אים, ביז:

דער שטיין איז ווייך־געווארן, גערירט זיך, געטאן א שווארצן שפרונג צום האלב־אפענעם פענצטער און — ארויס אויפן דאך.

ס'איז נישט אפגעלאפן קיין האלבע שעה נאך מיין קאמף מיט דער קאץ, האט מיך פון שלאף שוין — אויפגעוועקט א היסטעריש פארצווייפלט געשריי פון א פרוי, וואס האט גערופן הילף, און מיט איר יללה אויפגעריסן די שטילקייט פון שלאפנדיקן הויז און הויף; ס'האט זיך דערהערט אן עפענען פון טירן און פענצטער, און א געלייף איבער די הילצער־נע טרעפ־ארויף, און פאר מיין טיר פונעם בוידעם־שטיבל. לכתחילה האב איך געמיינט, אז עס ברענט ביי מיין שכן פון דער צווייטער טיר, און כ'האב זיך אויף־דער־גיך אנגעטאן און ארויסגעלאפן. געלאפן איז מען טאקי צו מיין שכן פון דער צווייטער טיר, וואס איז שוין געשטאנען אינגאנצן אפן. די שטוב ביים שכן איז שוין געווען פול מיט האלב־אנגעטא־ענע מענער און פרויען, וואס האבן זיך באמיט צו בארואיקן די פארצווייפלטע פרוי, מיין שכנה, וואס האט נישט אויפגעהערט ספאזמאטיש צו קלאגן און צו רייסן זיך די האר פון קאפ, און מיט ווילדע קול־לות צו שרייען: — מיין קינד, מיין איינציק קינד!

דער שכנה׳ס ניין־חדשים׳דיקע קינד, וואס איז געלעגן אין וויגלביים פענצטער פון בוידעם־שטיבל — האט מען שוין צום לעבן נישט צוריקגעברענגט.

דער ארויסגערופענער דאקטאר, האט בלויז פעסטגעשטעלט דעם קינדס טויט, און נאך א מעדי־צינישער עקספערטיזע — אויסגעפונען, אז דאס קינד איז דערשטיקט־געווארן פון א קאץ, וואס האט זיך עס אוועקגעלייגט אויפן ווארעמען, ווייכן ווייסן העלד־זל, אויף וועלכן ס׳זענען געבליבן ווי אין שניי — בלאלעכע שפורן פון קעצישע פיסלעך...

# נבחן

דעם נאמען נבחן, האט אים געגעבן דאס פיר־יעריקע קינד, און אזוי האט מען אים גערופן, כאטש ווי ס׳האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, איז ער מעשה־הונט — נישט געווען קיין בילער, טאקע לחלוטין קיין בילער נישט, אזוי, אז דער נאמען נבחן, האט זיך צו אים לגמרי נישט געפאסט. נישט געקוקט אויף זיין בייזער גרוים. נאר גיי ווייס ווי מען רופט אים, און צי האט ער בכלל שוין גע־האט ווען א נאמען און א באלעבאס איבער זיך; ווייניק הינט שלעפן זיך ארום דא, ווי די סטייעס שאקאלן איבער די וויסטע סטעפעס און פעלדער, און ווערן משוגע פון היץ און הונגער?! וויי־ניט מישן זיי זיך צונויף מיט די שאקאלן, פארן זיך מיט זיי, פארלירן ביסלעכווייז דאס הינטישע קריגן פלוצלינג א פארציקונגס־פייערל אין די אויגן, הערן אויף צו קאנען בילן, און אנשטאט בילן —

הייבן זיי גאר אן צו וויינען און צו היילן, ווי אמתע שאקאלן...

אז נבחן איז נישט געווען קיין שאקאל, כאטש ער איז ווי אלע געלע הינט, ענלעך געווען צו זיי — האט מען געקאנט דערקענען אן זיין ווידל, וואס איז נישט געווען אזוי לאנג און נישט פארענדיקט זיך אזוי דיק און ברייט. און נישט געלעגן באהאלטן צווישן די פיס, ווי ביי שאקאלן. מען האט עס אויך געקאנט דערקענען אן זיין דערשלאגנקייט, קריכערישקייט און צודרינגלעכער חניפה, צוליב וואס אים האט זיך סוף־כל־סוף איינגעגעבן צו געווינען דעם פולן צוטרוי צו זיך, און צו בלייבן דארט, וווּ ער האט אזוי עקשנותדיק געוואלט.

געשעען איז עס אזוי:

איינמאל, ווען דער יונגער באלעבאס פון דער נייער נחלה, האט ווי יעדן פרימארגן אויפגע־פראלט די ברייטע, הילצערנע טיר, איז פון דער שוועל צעשראקן אפגעשפרונגען און געבומען אנט־לויפן — א גרויסער, געלער, ווילד־פארוואקסענער הונט, אויף וועלכן ס'איז געלעגן א דיקער שטויב פון ווייטע וועגן, און אויסגעזען ווי אן אויפגע־האדעוועטער ערגעץ אין די סטעפעס צווישן

בעדואינער. ווען דער באלעבאס האט זיך געפארעט ארום דער נחלה און געווען פארנומען מיטן אויס־קאלכן זי — האט זיך דער פארשווונדענער הונט ווידער באוויזן אין גרויסן גארטן־הויף, וואס האט געפירט צו דער יונגער נאר־וואס געפלאנצטער באַ־יארע. פארזיכטיק איז ער ארומגעגאנגען און גע־שמעקט צו יעדן שטיינדל, גרעזל און שפענדל, און וויפל ס'איז מעגלעך געווען — אויסגעמיטן נישט צוצוקומען נאענט צו זיין שפעטערדיקן באלעבאס, וואס האט אים, א באשעפטיקטער — כמעט נישט באמערקט און נישט געזעען ארומדרייען זיך אויף זיין הויף.

אזוי איז אויך געווען אויף צו מארגנס, און אזוי האט זיך עס אנגעהויבן איבערחזרן יעדן טאג, וואס אמאל דרייסטער און געוואגטער — האט דער הונט גענומען זיך דערנעענטערן און אנגעהויבן פלאנ־טערן זיך צווישן די שטיינער־בלאקן, אנגעווארפן געהילץ און פעסלעך קאלך, ביז דער באלעבאס האט אויף אים געטאן א גארנישט פריינטלעכן קוק און — פונעם הונט איז נישט געווארן... ווי שנעל אבער, און ווי קונציג ער פלעגט פארשווונדן־ווערן, אזוי שנעל און קונציק האט ער זיך ווידער באוויזן ווי־

אן אויפגעשוווימענער פון זיין באהעלטעניש פון וועלכן קיינער האט נישט געוווסט...

אזוי האט ער זיך יעדן טאג שעהן לאנג ארומ־געדרייט מיט א ציטערדיקער פעל ארום דער ווייס־געקאלכטער נחלה, און ארום די בני־בית פון דער קליינער פאמיליע אין וועמענס אויגן ער האט גע־זוכט מיטגעפיל און רחמנות, און געוואלט ביי זיי געפינען א וועג צו ווערן א היימישער, אן אייגענער, און אז דאס האט זיך אים נישט איינגעגעבן, האט ער גענומען אויסקוקן ס׳זאל ווערן נאכט.

ביינאכט, נאך א לאנגן, הייסן מידן טאג, ווען די פינצטערניש איז געווען אנצונעמען מיט דער האנט, און די אויפגעפראלטע טיר פון דער נחלה פלעגט פארמאכט־ווערן פאר דער קאלטער, פייכ־טער לופט, וואס האט זיך אראפגעלאזט צוזאמען מיט דער טיפער שטילקייט פון ארום — איז דער הונט רואיק און זיכער צו צו דער טיר, זיך אויסגעצויגן אין דער גאנצער לענג פון דער שוועל, ווי ער וואלט געהיטן די נחלה, געהיטן אומ־געבעטן, און אפגעלעגן אזוי א גאנצע נאכט. האט אבער נישט איין מאל געטראפן, אז ליגנדיק אזוי האט עמעץ פון אינעווייניק געדארפט ארויסגיין אין

דרויסן, אדער עמעץ איז אין דער פינצטער אנגעקומען פון ערגעץ צו דער נחלה — האט מען נישט געוווסט, אז א הונט ליגט ביי דער טיר, ווייל ער האט קיין ביל נישט געטאן, און נישט געזעען האט מען אים, צוליב דער גרויסער פינצטערניש — איז מען ארויף אויף אים מיט די פיס און מיט די שטיוול, און אפ־געשפרונגען א צום־טויט־דערשראקענער פאר דער אנגעטראפענער ווייכקייט, וואס פלעגט זיך א ריס־טאן פון ארט און אנטלויפן מיט א ווייטאגלעך גע־הייל אין דער נאכט אריין...

נאך אזעלכע אומגעריכטע און אומאנגענעמע נאכט־באגעגענישן מיט אים, איז באשלאסן־געווארן, אז מען זאל אים איינמאל פאר אלע־מאל פארטרייבן פון הויף און פון אים פטור־ווערן. עס רעדט זיך נאר אזוי: פטור־ווערן! דאס איז גארנישט אזוי לייכט־געוועזן ווי מען האט זיך עס פארגעשטעלט, און עס האט זיך טאקי איינגאנצן נישט איינגעגעבן. וויפל מאל דער באלעבאס פלעגט אים טרייבן און יאגן מיט שטעקנס, נאכגעווארפן אים א שייט האלץ, א שטיין, אדער א ליידיקע פלאש — פלעגט ער אפלויפנדיק א שטיק וועג, און פילנדיק זיך שוין איינגאנצן זי־כער — בלייבן שטיין אויסגעדרייט מיט דער מארדע

צו דער זייט פון דער נחלה. דאס האט געדויערט אזוי לאנג, ביז דער באלעבאס איז אריין אין שטוב און פארמאכט הינטער זיך די טיר, דאמאלט האט ער פארזיכטיק, מיט פאמעליכע טריט ווי א גנב, אנגעהויבן דערנענטערן זיך צום שיטערן פלויט, און איידער מען האט זיך ארומגעקוקט — האט ער ווי פארגעסן אן דער מורא און אן פסק, וואס ער האט אריינגעכאפט — ווידער ארומגעדרייט זיך, געשמעקט און געבישטערט ווי אן אייגענער, אינעם פרעמדן הויף.

דאס זעלבע איז געווען מיט אים יעדן טאג. מען האט זיך מיט אים ארומגעיאגט, געטריבן מיט שטעקנס און קללות און — ס׳האט נישט געהאלפן! פון מאל צו מאל איז ער געווארן איינגע׳עקשנ׳טער, איינגע־שפארטער, פלעגט אפליפן, אבער, נישט אנטלויפן ווי אין דער ערשטער צייט, נאר געשטאנען א פאר־טריבענער, און פונווייטנס געקוקט מיט דערשלא־גענע אויגן, אויף זיין צוקונפטיקן באלעבאס, ווי ער וואלט ביי אים בעטנדיק געפרעגט: פארוואס טרייבסטו מיך?! וואס ארט דיך, אז איך דריי מיך דא ארום און היט ביינאכט דיין הויף?! דערביי פלעגט ער מיט באהאלטענער מורא, גאכשפירן יע־

דע באוועגונג זיינע און געקוקט אים כסדר אין די הענט פון וועלכע ער האט זיך געריכט יעדע רגע צו קריגן מיט עפעס איבערן קאפ...

איינמאל, בעת אזא שטומע סצענע צווישן הונט און דעם בעל־הנהלה איז געשעען דאס, אויף וואס דער הונט האט זיך צומווייניקסטן געריכט: דערזעענדיק מיטאמאל דעם באלעבאס צוויי קליינע לאכנדיקע קינדער, וואס האבן אים גערופן און פריי־לעך געמאכט צו אים מיט די הענטלעך, האט ער זיך אויסגעדרייט צו זיי און געמאכט אזעלכע משו־נה־דיקע העויות מיט דער מארדע און מיטן עק, אז די קינדער האבן אויסגעשאסן אין א הילכיק געלעכ־טער. זייער פרייד האט הנאה־געטאן אויך דעם באלעבאס; ער איז מיטאמאל ווייך־געווארן און ווי אוועקגעלייגט דאס געוועך — האט ער אליין ארויפ־געטאן דעם הונט צו זיך. נישט גלויבנדיק די אייגע־נע אויגן און אויערן — האט דער הונט נישט גע־וואגט — גענומען שטעלן פאמעלעכע טריט, אלע ווײַלע זיך אפגעשטעלט, געווארפן אויף אים אומ־צוטרויללעכע בליקן און אזוי ארום — צוגעקומען צו אים, מיט אן אונטערגעשטעלטן רוקן, ווי ער וואלט גרייט געווען מקבל־צו־זיין די קלעפ, וואס מען וועט

אים געבן. די קינדער האבן מיט שמחה גענומען ארומטאנצן ארום אים, ארויפגעלייגט אויף אים די הענטלעך, א גלעט־געטאן, און מיט מורא — שנעל אראפגעכאפט צוריק, און פול־געמאכט די לופט מיט זייערע הילכיקע קעלכעלעך פון פרייד. אונטער דער צערטלעכקייט פון די קינדישע הענטעלעך, און פאר־נעם גלעט איבערן קאפ, וואס ער האט געקראגן פון זיין פרעמדן, אמאל — אכזריותדיקן באלע־באס — איז דער הונט געווארן ווי איינגעשרומ־פענער און קלענער, שיעור נישט צעגאנגען פון גע־רירטקייט און דאנקבארקייט געקלאפט און געדרייט מיטן עק אויף אלע זייטן, אנידערגעלייגט זיך אויפן הייסן זאמד און איבערגעקערט זיך מיט די פיס און מיטן נאקעטן בויך ארויף — מוט מיט מיר, וואס אירווילט!...

נאך אזא רירנדיק בילד, האט מען שוין קיין הארץ נישט געהאט אים מער ארויסצויאגן פון הויף, אים צו־רו־געלאזט, אריינגענומען צו זיך, אים א נאמען געגעבן נבחן, און ער איז געווארן אן איי־גענער... מען קאן נישט זאגן, אז נבחן האט זיך דאס עסן כשר פארדינט. טאג און נאכט איז ער פויל געלעגן פאר דער טיר און געשלאפן,

בייטאג זיך געוואָרעמט אויף דער ברענענדיקער זון געגענצט, געכאַפּט פליגן, זיי אויפגעגעסן און ווייטער געשלאָפן. ביינאַכט — אין דער קילער לופט געזוכט וואַרעמקייט און אַ ווינקל ווו צו קאָנען זיך אויסשלאָפן. און אַז נבחן איז געשלאָפן, האָט מען געקענט אַוועקטראָגן די גאַנצע נחלה ער זאָל נישט הערן; און האָט ער שוין יאָ געהערט, איז ער פשוט פויל־געווען צו טאָן אַ ביל, און ס׳האָט טאַקי נישט איינמאָל געטראָפן, אַז מען האָט זיך ביינאַכט אַריינגעקראָגן אין הויף און אַרויסגעטראָגן, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. האָט דער באַלעבאָס מיט דער צייט זיך אַרומגעזען, אַז קיין נוצן וועט ער שוין פון אַזאַ טויגעניכטס נישט האָבן, און אַז ער האַלט בלויז אַן אומזיסטן „פּרעסער״ — האָט ער ווידער אַ רעד־געטאָן מיט זיין ווייב, די באַלעבאָסטע, אַז מען דאַרף זען דעם הונט משלח־זיין פון הויף, ווייל ער פלאָנטערט זיך בלויז צווישן די פיס, און אַז מען וואָלט אים געדאַרפט ערגעץ ווייט פאַרפירן, ער זאָל נישט טרעפן שוין דעם וועג צוריק. נאָר ווי אַזוי טוט מען עס אַז ער האָט שוין אַזוי איינגעלעבט זיך מיט אַלץ און מיט אַלעמען, איבערהויפּט מיט די קינדער, וואָס האָבן קעגן דעם פּלאַן

צו פארפירן נבחנ׳ען, אויפגעהויבן זייערע שטימע־לעך פון פראָטעסט; געוואלדעוועט, נישט געוואלט זיך צורירן צום עסן און געוויינט אז ס׳איז א רחמנות אויף נבחנ׳ען וואס האט נישט קיין היים און קיין טאטע־מאמע — האט עס טאטע־מאמע גערירט און ס׳איז געבליבן די קינדער צוליב — אים ווייטער צו האלטן, און נבחן האט ווייטער געלעבט זיין אידיליש, פויל און פרידלעך לעבן, וואס וואלט זיך נאך זיכער לאנג, לאנג געצויגן, ווען נישט אן אומגעריכטע אנשיקעניש אויף אים.

אין איינעם א טאג, האבן זיך אין הויף באוויזן צוויי אומבאקאנטע, פרעמדע פארשוינען, מיט פארפעצטע הויזן און רעקלעך, וואס האבן געגלאנצט אויף זיי, ווי לעדער. זיי האבן עפעס גערעדט מיטן באלעבאס פון הויף; ארייגעגאנגען מיט אים אין א זייטיקער, טונקעלער שטוב, וואס האט אויסגעזען ווי א גרויס קאמער, און איז געשטאנען צום פארדינגען. די צוויי פארשוינען האבן עס באקוקט, ווידער עפעס לאנג גערעדט, זיך געדונגען, באדונגען און אוועקגעגאנגען. אויף צו מארגנס אינדערפרי, איז מיטן פרישן אויסגעפארענעם וועג, אנגעקומען פון ערגעץ א סקריפענדיקער

זואגן, וואס האט זיך אפגעשטעלט הארט פארן פלויט ארום דער נייער נחלה; פון אים זענען אראפ די זעלבע צוויי פארשוינען, וואס זענען געהאט געקומען מיט א טאג פריער; ביידע, האבן זיי גע־נומען אראפטראגן פון דער פור עפעס א לאנגן, שמאלן בופעט־טיש, א גרויסן, שווערן יאטקע־קלאץ, בלאנקע העק, מעסערס, שארף־שטיינער און שארפ־אייזנס; ארייננעטראגן אלץ אין דער זייטיקער, ליידיקער פראנט־שטוב; ארויפגעזעצט־זיך און אפגעפארן מיט דער אויסגעליידיקטער פור, און שפעטער ווידער געקומען צו פארן אנגעלאדן מיט גרויסע זייטלעך פלייש.

אז אין דער נייער נחלה האט זיך געעפנט א יאטקע — האבן זיך די ערשטע דערוווסט די הינט פון אלע ארומיקע קאלאניעס און דערפער. קליינע און גרויסע, פון יעדע גרעב און קאליר — האבן זיי זיך געצויגן פון אלע זייטן און וועגן, און באלאגערט דעם גאנצן פלאץ ארום הויף, און אין הויף, ביז אין דער טיף פון דער באיארע. די ערשטע צייט, האבן זיי זיך געהאלטן קארעקט, פארזיכטיק, און ווייט פון יענעם ארט, צו וועלכן זיי האבן געצילט. זיי האבן זיך בלויז ארומ־

געדרייט ארום דער נחלה אפגעשטעלט זיך יעדע ווײַלע אנטקעגן דער ברייט־צעעפנטער טיר פון וואנען ס׳האט ארויסגעשלאגן דער זויערער ריח פון בלוט און פעטס, און גיריק הונגעריק — ארײַנגע־קוקט און אויסגעקוקט אן ארויסגעווארפענעם ביין, אדער א שטיק אינגעווייד. ביסלעכווייז אבער, זענען זיי געווארן דרייסטער און געוואגטער; אנגע־הויבן זיך דערנענטערן צו דער טיר; ארײַנגע׳גנב׳־עט זיך אינעווייניק; קונציק אראפגעשלעפט פון קלאץ אראפ א שטיק פלייש, און אוועק דערמיט, אז קיין בייז אויג זאל נישט זען...

צו די אלע קונצשטיק, וואס „חברה" הינט האבן באוויזן — האט נבחן נישט געטויגט. נבחנ׳ען, אז מען האט נישט געגעבן, האט ער נישט גענומען, און אז מען האט אים שוין יא געגעבן, האט ער אויך געהאט דערפון א קדחת... שטענדיק האט אים עמעץ דעם ביסן פון אונטערן מויל צוגענומען אזוי פלינק און שנעל, אז נבחנ׳ען פלעגט נישט בלייבן מער ווי — שלינגען די סלינע, און באלעקן זיך פון זעען ווי יענער עסט דאס, וואס ער האט ביי אים אוועקגערויבט... מער ווי שטיין און קוקן האט נבחן נישט געקאנט, דאס געהינ־טעכטס ארום אים האט אים נישט איינמאל געגעבן אנ־

צוהערן, אז אויב עס איז אים טייער די פעל, זאל ער זיך בעסער באצייטנס אפטראגן... האט זיך גבחן טאקי באצייטנס אפגעטראגן: צוריק אוועקגעלייקט זיך אויף זיין שטענדיקן ארט — ביי דער שוועל פון דער נחלה; אוועקגעלייגט די גרוילעכע מארדע אויף די אויסגע־צויגענע פאדערשטע פיס, און פאר זיך — געקוקט מיט פארגאמענע, פייכטע פארזשמורעטע אויגן, ווי ער וואלט זיך פארטראכט איבער זיין עלנט, ביטער מזל, און טראכטענדיק אזוי וועגן זיין הינטיש לעבן — איינגעשלאפן.

איינמאל, ווען דער הויף איז ווי יעדן טאג, פול־געוועזן מיט זון, פליגן און הינט, און אין דער יאטקע האט מען צוליב ערב יום־טוב, מער ווי גע־ווענלעך, געהאקט די זייטלעך פלייש, און מער ווי אלע מאל געווארפן אויסגעטרייבערטע שטיקער זשי־לעס און ביינער — האט עס אין דער אויפגעלעבטער הינטישער מחנה ארייגעצויגן אויך דעם שטענדיק שווער־מוטיקן און ערנסטן גבחנ׳ען. אויך ער האט שוין נישט געקאנט בלייבן גלייכגילטיק צו דער הייטערקייט, וואס האט געהערשט צוליב דער אומגע־ריכטער שפע פון ביינער און אנדערע שטיקער אפ־פאל, וואס מען האט געהאלטן אין איין ארויסווארפן.

זייטיק און פארזיכטיק האט ער זיך ארײַנגעשארט צווישן דער מחנה; זיך אײַנגעשטעלט; א שמעק־געטאן צו דעם, צו יענעם; געקוקט זיי אין די אויגן, ווי ער וואלט אומבאקאנט זיך באגריסט מיט זיי מיט אן אויפגעצוווּנגענער העפלעכקייט און אונטערטעניקייט, און בעת־מעשה — אומזיכער, געקוקט אין אלע זייטן, ווי ער וואלט זיך יעדע רגע געריכט אויף עפעס אומגעריכטס... פארנומען אבער מיט די צײַנער ביי די ביינער — האט חברה הינט אים כמעט ווי נישט געזען און קיין צייט נישט געהאט אפילו צו ענטפערן אים אויף זיינע באגריסונגען, און נבחן האט זיך ביסלעכווייז אנגעהויבן פילן צווישן זיי זיכערער און היימישער; גענומען זיך בריה׳נען און נאכמאכן אלע זייערע קונץ־שטיק, וואס זיי האבן באוויזן ביים כאפן דאס, וואס מען האט זיי צוגעווארפן פון יאטקע. אויך נבחן איז געשטאנען ווי אן אנגעלאדענער מיט א פארהויבענער מארדע אנגעשטעלט אנטקעגן דער יאטקע־טיר, גרייט יעדע רגע א שפרונג־צו־טאן מיט די פאדערשטע פיס ארויף, דרייען זיך אויפגעשטעל־טערהייט — נאכן פאלנדיקן רויען, רויטן בלוט־שטיק, אדער, א לאז־טאן זיך מיט אלע גלייך און פלינק —

מיט כוח ארויסצוקריגן אזא פאלנדיק שטיק פון צווישן אלע.

נבחן האט עס אלץ נאכגעמאכט; אלע מיטלען און כוחות אויסגעפרווט, און נישט מצליח־געווען; ער איז דאכט זיך געלאפן דער ערשטער, און דאך — געבליבן שטענדיק דער לעצטער, און זיך קיין איינמאל נישט געקאנט צו עפעס צוקריגן.

איינמאל איז נבחן א הונגעריקער און אן אויפגערייצטער, אויך אריין אין היניטישער אמביציע, זיך אנגענומען מיטן לעצטן ביסל כוח און מוט, פאר יעדן פרייז זיך צו עפעס דערשלאגן, און אויספרובן נאך די שווערסטע קונץ, וואס מען האט אזוי פיל אויסגענוצט קעגן אים; א קוטץ, צו וועלכן מען דארף באמת זיין א בריה, א מזיק: אפעררייסן דעם ביסן פון אונטערן מויל...

— — — — — — — — —

א וועלפישער הונט האט זיך אין אים איינגעביסן מיט די שארפע ציין, און איידער מען האט נאך באוויזן זיי פונאנדערצורייסן — איז שוין נבחן געלעגן א צעריסענער, אן אפגעשונדענער, ווי א קופע ביינער ארויסגעווארפן פון יאטקע.

# קליינביבליאטעק

**א גרופע יידישע שריפטשטעלער האבן געלייגט א יסוד פאר א יידישן פארלאג אין ישראל.**

**דער פארלאג הייבט אן זיין טעטיקייט מיט קליינע ליטער־ראַרישע אויסגאבן אונטערן נאמען „קליינביבליאטעק״.**

שוין דערשינען:

**א. בליי** — בלומעניאווא

עס ווערן איבערגעבן צום דרוק:

**י. מאסטבוים** — צאברעס

**ש. בערלינסקי** — היים

**י. פאנער** — קאפריסין לאכט און שאפט

**י. פרידמאן** — טאג־בוך פון א דיכטערין

**מ. צאנין** — דער וועג צו מנרה

**מ. גראסמאן** — היימישע געשטאלטן

(דערינערונגען וועגן אומגעקומענע יידישע שרייבער)

**ג. ווייסמאן** — פון פאלקס קוואל

**א. זאק** — ווארשע אין סעפטעמבער 1939

**י. פערלאוו** — רות

**מ. ב. שטיין**: ר׳ חיים ברייזערס בן זקונימל

**א טייל פון די אויסגאבן ווערן ארויסגעגעבן אינאיינעם מיט דעם יידישן ליטעראטן און זשורנאליסטן פאריין אין ישראל.**

**פאדערט אונדזערע אויסגאבן אין יעדן בוך געשעפט און קיאסק**

די הויפט פארשפרייטונג:

**אגענטור י. בראנפמאן — רחוב צ׳לנוב 2, תל אביב**

אדרעס פון פארלאג:

**ספריה זעירה, תל־אביב, ת. ד. 1301**